— אַ טאַרבע זיך אָנטהאָן אין נויט און אין פּיין,
מאַמע, מאַמע:
אַ טאַרבע זיך אָנמאַהן אין נויט און אין פּיין,
און ברויט זאָלען פרעמדע זיי געבען!

— און וואָס לאַזטו מיר ווען דו לאָזט זיך אַוועק,
עדוואַרד, עדוואַרד!
און וואָס לאַזטו מיר ווען דו לאָזט זיך אַוועק —
דיין מאַמען, וואָס האָט דיך געזויגען?
— אַ קללה דיר ביז אין דעם סוף פון די טעג,
מאַמע, מאַמע:
אַ קללה דיר ביז אין דעם סוף פון די טעג:
דו האָסט צו מיין זינד מיך בעוואויגען!

וואס וועט דיר דיין לעבען פער'סם'ען ?

— איך וועל אויף א שיפעל, ביינאכט, מיט'ן ווינד.

מאמע, מאמע !

איך וועל אויף א שיפעל, ביינאכט, מיט'ן ווינד

זיך לאזען אליין אין די ים'ען.

— וועסט לאזען דיין הויז און דיין שייער אזוי,

עדוואַרד, עדוואַרד ?

וועסט לאזען דיין הויז און דיין שייער אזוי

און געהן אין די ים'ען זיך טרייבען ?

— א ווינד און א שטורעם זאל קומען אויף זיי,

מאמע, מאמע !

א ווינד און א שטורם זאל קומען אויף זיי,

קיין זכר פון זיי זאל ניט בלייבען !

— און וואס מיט דיין ווייב און די קינדער וועט זיין,

עדוואַרד, עדוואַרד !

און וואס מיט דיין ווייב און די קינדער וועט זיין,

אין זייער אומגליקליכען לעבען ?

דאָס אָדלערשע בלוט איז דאָך ניט אַזוי רויט,
דאָס בלוט אויף דיין שווערד איז דאָך רויטער!
— דאָס האָב איך מיין פערד, מיין געטרייען, געטויט,
מאַמע, מאַמע!
דאָס האָב איך מיין פערד, מיין געטרייען, געטויט,
ער ליעגט אויפ'ן פעלד איצט אַ טויטער...

דיין פערד איז דאָך אַלט, און זיין בלוט איז ניט רויט,
עדוואַרד, עדוואַרד!
דיין פערד איז דאָך אַלט און זיין בלוט איז ניט רויט,
וואָס האָלטסטו די אויגען פערגראָבען?
— דאָס האָב איך מיין לייבליכען טאַטען געטויט
מאַמע, מאַמע!
דאָס האָב איך מיין לייבליכען טאַטען געטויט
און קען איצט קיין רוה מעהר ניט האָבען.

— און ווי וועסטו אויסקויפען איצטער דיין זינד,
עדוואַרד, אדוואַרד?
און ווי וועסטו אויסקויפען איצטער דיין זינד

עדוואַרד, עדוואַרד!

א פאַרצייטיגע ליעד פון שאָטלאַנד.

— מיט וואָס פאַר א בלוט איז דיין שווערד אזוי רויט,
עדוואַרד, עדוואַרד?
מיט וואָס פאַר א בלוט איז דיין שווערד אזוי רויט? —
וואָס קוקסטו אזוי מיט די אויגען?
— דאָס האָב איך אן אדלער א ווילדען געטויט,
מאַמע, מאַמע!
דאָס האָב איך אן אדלער א ווילדען געטויט
ווען ער איז פאַרביי מיר געפלויגען.

דאָס אדלערשע בלוט איז דאָך ניט אזוי רויט,
עדוואַרד, עדוואַרד!

דעם מאַן איז די אַרבייט, די טרערען — דער פרוי,
און פאַלש איז די וועלט, און דער מזל איז גרוי,
און שווימיג זידט דער ים.

עס ליגען דריי טויטע ביים ים אויפ׳ן ברעג,
דער מאָרגען אַ זוניגער בלענדט...
עס שטעהען דריי פרויען ביים ים אויפ׳ן ברעג,
זיי וויינען און ברעכען די הענט.

דעם מאַן איז די אַרבייט, די טרעהרען — דער פרוי
דאָס לעבען איז קורץ, און דער קבר איז גרוי,
און ליכטיג שיינט דער ים.

## דריי פישער

שאַטישער מאָטיוו

עס פאָהרען דריי פישער ארויס אינ'ם ים,
דער נעבעל איז פינסטער און גרויס.
עס טראכטען די פישער פון ווייב און פון קינד,
פון אויגען, וואָס קוקען זיי אויס.

דעם מאַן איז די ארבייט, די טרערען — דער פרוי,
און שווער איז די זאָרג, און דאָס לעבען איז גרוי,
און פינסטער ברויזט דער ים.

עס קוקען דריי פרויען פון פענסטער ארויס
אין נעבעל צום ים אויף דער טיעף...
עס טראָגען די וועלען צום שוימיגען ברעג
אַן אלטע צובראָכענע שיף.

דאָס הארץ אין די הענט, לויפט דער בחור געשווינד,
ער לויפט צו דער מיידעל געשווינד ווי דער ווינד,
געשווינד ווי אין שטורם דער ווינד.

ער לויפט צו דער מיידעל: אַט איז שוין איהר הויז,
אַט איז שוין דאָס הויז, נאָר אַט גליטשט עס זיך אויס
נאָר פלוצלונג, אַט גליטשט ער זיך אויס.

דאָס מאמעשעס הארץ ווערט באַגאָסען מיט בלוט,
און פרעגט מיט רחמנות און זאָרג, אזוי גוט,
מיט שטילען געוויין אזוי גוט:

— וואָס איז מיט דיר, קינד מיינס, אז וועה מיר און ווינד,
צו טהוט עפּעס וועה דיר, מיין טהייערעס קינד? —
צו טהוט עפּעס וועה דיר מיין קינד?

און גאָט האָט געזעהן און די נאכט האָט געזעהן
ווי שווער און פארטרויערט דאָס הארץ איז געווען,
דאָס מאמישעס הארץ איז געווען.

און זי האָט אָהן מורא פאַר לייט און פאַר גאָט,
אַ בייזע, פון בחור געלאַכט און געשפּאָט,
פון בחור געלאַכט און געשפּאָט.

— געליעבטער דו מיינער, אויב דיר איז ניט שווער,
טאָ ברענג מיר דאָס האַרץ פון דיין מאַמען אַהער,
דאָס האַרץ פון דיין מאַמען אַהער.

דער בחור — אַזוי ווי ער האָט עס דערהערט,
האָט ער ניט געטראַכט, און ער האָט ניט געקלערט,
ער האָט ניט געטראַכט און געקלערט.

און גאָט האָט געזעהן, און די נאַכט האָט געזעהן,
ווי שאַרף איז דער שטאָלענער מעסער געווען,
אין האַנט ביי דעם בחור געווען.

און גאָט האָט געזעהן, און די נאַכט האָט געזעהן,
ווי פלינק איז די זינד איז די בייזע געשעהן,
די זינד איז די בייזע געשעהן.

## א מאמעס הארץ
לעגענדע

אמאָל איז געווען און אמאָל איז געשעהן! —
אמאָל איז א בחור א יונגער געווען.
אמאָל איז א בחור געווען.

דער בחור האָט ליעב געהאַט אמת'דיג הייס
א מיידעל, א שעהנע אזוי ווי א רויז,
אזוי ווי א ליכטיגע רויז.

ביי טאָג און ביי נאכט פלעגט ער שווערען פאַר איהר:
— כ'וועל אָפּגעבען, טהייערע מיינע, פאַר דיר
אפילו מיין מאמען פאַר דיר.

דאָס מיידעל — אזוי ווי א רויז איז זי שעהן —
דערפאַר איז זי שלעכט ווי די שלאַנג נאָר אליין,
אזוי ווי די שלאַנג נאָר אליין.

און אלערליי חיות זיי ריהרען איהם ניט;
ער שטעהט און ער קען זיך ניט ריהרען פון ארט.
ער קען ניט א טראט טהאָן שוין מעהר מיט א פוס,
ער קען ניט א מאך טהאָן שוין מעהר מיט א האנד,
און קען שוין קיין וואָרט ניט אויסרעדען מעהר.
און דאָס איז די שטראָף איהם די גרויסע געוועזן
אז ער זאָל ניט פאָלגען קיין בייזען בעפעהל,
און הינטער דאָס שלעכטס פון א צווייטען ניט שטעהן!
און מיראָן דער זקן טהוט תפילה פאר אונז,
פאר זינדיגע אונז, ביז'ן היינטיגען טאָג: —
ביז'ן היינטיגען טאָג, פליסט זיין תפילה צו גאָט
ווי א ליכטיגער טייך אין דעם ים אקעאן.

טוט תפילה דער זקן ביז שפּעט אין דער נאַכט,
פון שפּעט אין דער נאַכט ביז אין ליכטיגען טאָג,
פון ליכטיגען טאָג און ביז ווידער אין נאַכט,
טוט תפילה דער זקן ביז ווינטער אזוי,
פון ווינטער און ביז אין דעם זומער אריין,
טוט תפילה דער זקן א יאָהר נאָך א יאָהר —
ביז'ן וואָלקען שוין הויך איז דער יונגענקער דעמב
און דאָ פון זיין שטאַם האַט א וואלד זיך צולאָזט
און ס'איז גאר קיין סוף צו דער תפילה ניטאָ.
זיי שטעהען אזוי ביז'ן היינטיגען טאָג:
דער זקן טוט תפילה, און בעט זיך ביי גאָט
ער בעט זיך און וויינט פאר דער גאנצענער וועלט
אז פריידען און הילף זאָל ער שיקען דער וועלט; —
און וואנקע, ער שטעהט ארום זקן אזוי,
שוין לאנג אז זיין שווערד איז צושאָטען אין שטויב,
די קליידער אויף איהם זיינען לאנג שוין צופוילט,
און ווינטער און זומער א נאַקעטער שטעהט.
די היצען וואָס ברענען פארברענען איהם ניט,
די קעלטען וואָס פריהרען, פארפריהרען איהם ניט.

און ווישט מיט'ן קלייד אפּ דעם שטאָהל פון זיין שווערד.
— איך בין דאָס געקומען דער'הרג'ענען דיך,
אזוי, אז דו זאָלסט גאָר דעם שווערד ניט דערזעהן!
נאָר איצטער, טהו תפילה צו גאָט ווי דו ווילסט,
טהו תפילה צום לעצטען פארבליבענעם מאָל,
פאר זיך, און פאר מיר, פאר דער גאַנצענער וועלט,
און נאָכדעם וועל איך שוין דער'הרג' ענען דיך...
האָט שטיל זיך דער זקן געשטעלט אויף די קניע
אין שאָטען פון אונטער א יונגענקען דעמב —
דער יונגענקער דעמב האָט פארבייגט זיך פאר איהם,
און שמייכלענדיג גוט האָט דער זקן געזאָגט:
— אָ, וואנקע, בעטראַכט זיך, דאַרפסט וואַרטען צו לאַנג,
די תפילה איז גרויס פאר דער גאַנצענער וועלט —
וואָלסט בעסער דער'הרג'עט מיך, באַלד, מיט אַמאָל,
אזוי, אז דו זאָלסט ניט פערליערען דיין צייט.
נאָר דאָ האָט וואַנקע פערכמורעט זיך בייז
און נאַריש האָט ער א בעריהם זיך געטהאָן:
— זאָל בלייבען אזוי ווי איך האָב שוין געזאָגט,
טו תפילה, כ'וועל וואַרטען ווי לאַנג ס'זאָל ניט זיין! —

און האק מיט'ן שווערד איהם ארונטער דעם קאָפּ,
און ברענג איהם צושלעפּען אהער פאר דער באָרד,
און איך וועל ארויסוואַרפען איהם פאר די הינט! —
האָט וואנקע געפאָלגט און ער איז אוועק.
ער געהט און ער טראכט זיך א שווערען געדאנק:
איך געה ניט אליין, נאָר עס טרייבט מיך די נויט,
אפנים אזוי איז פון גאָט מיר באשערט".
און אונטער דער פּאָלע בעהאלט ער דעם שווערד
און קומט צו דעם זקן און נייגט זיך פאר איהם:
— וואָס מאכסטו דו אלטינקער עהרליכער מאַן,
ווי היט עס דיך אָפּ דער אלמעכטיגער גאָט?
נאָר דאָ האָט דער זקן א שמייכעל געהטאָן,
מיט ליפּען מיט קלוגע געענטפערט אזוי:
— נו, וואנקע, בעהאלט ניט דעם אמת פאר מיר,
ס'איז גאר נישט פארבאָרגען אין הימעל ביי גאָט, —
דאָס גוטס און דאָס שלעכטס ליעגט ביי איהם אין די הענט!
איך וויים דאָך נאָך וואָס איז דיין קומען צו מיר! —
האָט שטארק פאר'ן זקן זיך וואנקע פארשעהמט,
נור ער מוז געהארכען זיין הערשער גאָרדעי —

## דער הייליגער זקן און דעם טיראנ'ם שלית

**פון מ. גארקי**

געלעבט האט א הערשער דער בייזער גארדעי,
א רשע מרושע, א שטיינערנע הארץ.
האט מענשען געפלאגט און דעם אמת געיאגט,
און אין בייזקייט געלעבט ווי א שלאנג אינ'ם הייל.
און פיינט געהאט שטארק האט דער בייזער גארדעי
דעם הייליגען זקן — דעם נזיר מיראן,
דעם שטילען בעשיצער פון אמת און רעכט,
דעם מוטהיגען טהוער פון גוטס פאר דער וועלט.
און איינמאל גארדעי האט גערופען צו זיך
דעם העלדישען וואנקען, זיין טהייערען קנעכט:
— געה וואנקע דער'הרג'ע דעם נזיר מיראן,
דעם זקן וואס לעבט זיך אין גרויסקייט פאר זיך,

און אין פּנים זיך לאָזען צו שפּייען ? —
זייט איהר ניט קיין סערבען — נאָר ציגיינער ?
זייט איהר ניט קיין מענער — נאָר זקנות ?
הוי, פאַרלאָזט די קליינע ווייסע הייזער !
קלייבט צונויף זיך אין די וועליעם היילען,
דאָרטען וואקסט דער דינער פאר די שונים, —
דאָרטען זאמעלט אונזער פיהרער מילאָש
זיינע יונגע העלדישע חילות.

מילאַש.

האָב רחמנות גאָט, אויף אונזער סערביען!
אונז פארעסען וועלף און חיות רעות.
אהן חטאים שניידט מען אונז די העלזער,
און די ווייבער יאָמערען פון בושה...
און די זיהן פארנעמען זיי אין קנעכטשאפט,
און די טעכטער אונזערע, די מיידלאך,
טרייבען זיי מיט גוואלד אויף לייטס געלעכטער,
טאנצען טענץ פון ווילדע בוסורמאנער,
זינגען פרעהליכע און ניט קיין שעהנע לידער.
און די זקנים זיינען שטום געוואָרען;
ניט זיי קומען אונז אין אומגליק טרייסטען, —
אויך אפנים זיי איז אויך ניט פרעהלאך!
און די הוסלי־שפילער שטעכען אונז די אויגען!
— לאנג נאָך, לאנג וועט איהר די שאנד פארטראָגען.

— געה מיין ווייב, גיב א קוק דורכ'ן פענסטער
און דערצעהל וואס דו זעהסט דארטען אין דרויסען...
איז זיין ווייב צו דעם פענסטער געגאנגען,
און געקוקט אין דער נאכט און געענטפערט :
— דארטען זעה איך, א פייערעל פינקעלט
קוים, קוים הינטער'ן טייך אין דער פינסטער...
האט ער גליקליך און רוהיג געשמייכעלט,
און האט ווידער געמורמעלט א תפילה...
און דערנאך האט ער ווידער געבעטען :
— געה מיין ווייב, עפען אויף אונזער פענסטער,
גיב א קוק וואס מען זעהט אין דער פינסטער,
און זיין ווייב האט געקוקט און געענטפערט :
— דארטען, הינטער'ן טייך דורך די נעבלען,
זעה איך וואקסט אזא ליכטיגע שיינונג,
און צו אונז צו דער הויז קומט עס נאהענט...
מיט א זיפץ איז בעי יאנקא מארנאוויטש
פון געלעגער ארונטערגעפאלען,
און זיין טוידט איז א שטילער געקומען...

דאָרטען האָט ער אין הייליגע תפילות,
און אין טרעהרען פערבראַכט ביז אין אבענד.
און אין הויז איז ער נאָך דעם געגאַנגען,
מיט זיין הויזגעזינד האָט ער געגעסען,
און געלעגט אין געלעגער זיך שלאָפען,
נאָר ער איז ניט אנשלאָפען געוואָרען.

און זיין ווייב האָט ער נאָכדעם געבעטען:
— גערה, מיין ווייב, גיב א קוק דורכ'ן פענסטער,
צי דו זעהסט אונזער קלויסטער פון וויטען ?
און זיין ווייב איז געגאַנגען צום פענסטער —
— ניין, מען זעהט ניט דעם קלויסטער פון דאנען,
נאָר די נאַכט ליעגט א גרויע אין דרויסען,
און פון הינטער'ן טייך קריכען נעבלען,
און מען זעהט ניט קיין זאַך דורך די נעבלען...
האָט א שטילער, בעי יאנקא מאַרנאָוויטש
שטיל זיך איבערגעקעהרט אין געלעגער,
און דערנאָך האָט ער ווידער געבעטען:
און געמורמעלט א תפילה א שטילע.

און קיריל איז זיין ברודער געוועזן,
אין איין קלויסטער זיך ביידע פערברידערט.
נאָר קיריל איז אין אונגליק געשטאָרבען
פון דער שכור'ער האנט פון זיין ברודער.

ס'איז געוועזן א פרעהליכער יום טוב,
מעד און בראָנפען פיעל האָט מען געטרונקען,
ביז די געסט זיינען שכור געוואָרען,
און עס האָבען צוויי געסט זיך צושלאָגען,
יאנקאָ האָט פון זיין פיסטעל געשאָסען, —
נאָר זיין שכור'ע האנט האָט געציטערט,
אוען ער האָט ניט איז פרעמדען געטראָפען —
נאָר געטראָפען זיין אייגענעם ברודער:
און זינט יעמאָלט אַז בלאָנדזשעט אום יאנקאָ
ווי אַן אַקס פון א שלאַנג .איינגעביסען...

און צום סוף איז בעי יאנקא מאַרנאָוויטש
אין זיין היים ווי א שאָטען געקומען,
און ער איז באַלד אוועק אין זיין קלויסטער,

## יאנקא מארנאוויטש

פון פושקינ׳ס סלאווישע ליעדער.

פאר וואס ליפט אום בעי יאנקא מארנאוויטש ?
אין דער היים קען ער רוהיג ניט זיצען, —
פארוואס קען ער צוויי נעכט ניט כסדר
אונטער אוון דאך קיין רוהיגער שלאפען.
צי איהם שרעקען אזוי זיינע שונאים ?
צי עס שרעקט איהם די בייזע נקמה ?

ניט איהם שרעקען אזוי זיינע שונאים,
ניט עס שרעקט איהם די בייזע נקמה,
נאר ער בלאנדזשעט ארום ווי א היידוק
פון דער צייט זינט קיריל איז געשטארבען.

וואנדערער מיעדער! דו זעץ ביי דעם קבר זיך צו,
וועסט אפשר אויך דא געפינען דיין אייביגע רוה.
די טאיגע איז שטום,
און וויסט איז ארום...

## אן עלענדער קבר

דאָ אין דער טאַיגע א קבר אן עלענדער שטעהט,
סאָסנעס און דעמבעס דאָ וואקסען פאַראומערטערהייט.
די טאַיגע איז שטום,
און וויסט איז ארום...

בלימעלעך צאַרטע דאָ בליהען פארלאָזט און פארשמאכט,
פייגעלעך זינגען דאָ אומעטיג טאָג און דורך נאַכט,
די טאַיגע איז שטום,
און וויסט איז אַרום...

טייערע מענשען! טוט תפילה פאַר דעם וואָס איז טויט,
און ליגט אין טאַיגע בעגראָבען פארוואָגעלטערהייט.
די טאַיגע איז שטום,
און וויסט איז אַרום...

## מיט'ן עטאפּ

### נאָך האַרטוועלצ'ן

עס קלינגען די קייטען, ער שלעפּט זיך א מיעדער
אין קייטען די פיס און די הענט;
און רוהיג און טרויעריג ווייט אויף די וועגען
האָט ער זיינע בליקען געווענדט.

די טאָגיגע זון ברענט ווי העלישער פייער,
דער זאַמד ברענט די פיס ווי מיט גלוט;
און פון זיינע וואונדען פון אונטער די קייטען
טריפט טראָפּען נאָך טראָפּען זיין בלוט.

אז ווי זאלען מיר זיך וויעגען
מיט'ן פולען קארען?
אז ווי וואסערען און טייכען
וועלען קומען יאהרען,

און אז איבער אונזער ברייטקייט
וועט א מענש זיך ווייזען
אין יסורים איינגעבויגען
אויף זיין אקער אייזען,

און זיין אקס וועט שטעהן פערמאטערט,
וועלען מיר זיין עדות,
ווי דער מענש וועט ביטער שעלטען
אונז, און זיינע זיידעס.

און פערזעען אונז מיט זריעה
פול מיט גרויסען גלויבען,
פול מיט גלויבען צו זיין כח
און צום בורא אויבען.

אז ווי זאלען מיר זיך וויעגען
מיט'ן פולען קארען,
אז פארלענדט און אז צוטראטען
זיינען מיר געווארען.

אז דער מענש מיט שווערד און פייער
האט אונז בייז צוטראטען,
און מיט הויפענס פרישע ביינער
האט ער אונז פערשאטען,

און מיט טייכען בלוט פערגאסען.
טויטע און פערלאזען
גרויען מיר זיך מיט די דערנער
און מיט ווילדע גראזען.

נאר די ראבען ווי א וואלקען
איבער אייער ברייטקייט,
שרייען בייז פון אייער גרויקייט
און פון אייער מויטקייט ?

פאר וואס זייט איהר, ברייטע פעלדער,
אזוי גרוי געווארען ?
פאר וואס וויעגט איהר זיך ניט היי־יאהר
מיט'ן פולען קארען ?

— אוי ווי זאלען מיר זיך וויעגען
מיט'ן פולען קארען !
אז דער בורא אויסגעגאסען
האט אויף אונז זיין צארן ;

אז דער מענש איז ניט געקומען
מיט זיין אקער־אייזען
אונז זיין כח צו בעווייזען
און זיין שטאלץ בעווייזען !

טויטע פעלדער

אוי וואס זייט איהר,ברייטע פעלדער.
אזוי גרוי געווארען?
פאר וואס וויעגט איהר זיך ניט היי־יאהר
מיט'ן פולען קארען?

ברייטע טויטע, ניט פערזעעטע
טויטע און פערלאזען,
באר וואס גרויט איהר זיך מיט דערנער
און מיט ווילדע גראזען?

און פאר וואס די יונגע שוואלבען
קומען ניט צופליהען,
זינגען אייך פון אייער ברייטקייט
און פון אייער בליהען?

ביז דעם דאָנוי אַרויף,
אין דער ווייט, אין דער ברייט,
ביז דעם דאָנוי אַרויף,
האָט מיין פעלד זיך געשפּרייט.

און מיין קאָרען, ווי גאָלד
האָט זיך זאַפטיג און רייף
פון׳ם ווינד זיך געוויגט,
ווי דער דאָנוי דער טייף.

נאָר דער בלוטיגער פיינד
אָהן א מורא פאַר גאָט,
האָט צוטראָטען מיין פעלד
מיט זיין בלוטיגען טראָט,

און מיין פעלד איז איצט טויט,
און פון בלוט איז זי רויט,
ווי דער דאָנוי דער טייף
אין דער ווייט אין דער ברייט.

מיין פערדעל שלעפט מיין אקער,
אונ בלייבט פערמאטערט שטעהן.
מיין פעלד איז פול מיט דערנער, —
דאָס פערדעל וויל ניט געהן.

איך שטופּ דעם אקער אונטער,
פונ פּנים רינט דער שוויים, —
— ניאָו, פערדעל, שלעפּ דעם אקער,
מיין פעלד איז דאָך ניט גרויס!

נאָר גרויס איז אונזער אונגליק
אונ גרויס איז אונזער נויטה,
דאָך וועט דאָס פעלד אונז געבען
פאר דיר און מיר דעם ברויט.

ניאָו, פערדעל, שלעפּ דעם אקער,
מיין פעלד איז דאָך ניט גרויס!
איך שטופּ דעם אקער אונטער,
פונ פּנים רינט דער שוויים.

מיין שארפער קינזשאל...

מיין שארפער קינזשאל, טראגסט דעם פינסטערען טויט,
נאר דו ביזט א פריינד מיר געווען אין מיין נויט.

און דו וועסט פארדעקען מיך אייביגע ערד
וואס דיך האט געטראטען די פוס פון מיין פערד.

און קאלט ביזטו טויט, אויף דער טויט פון א העלד,
דאך האב איך א פרייער געלעבט אויף דער וועלט!

דער ערד וויל איך געבען מיין שטויב און מיין רויך,
און דיך מיין נשמה, דער ליכטיגער הויך.

און זי נעהמט די קארטען לייענען:
— איך קאן זאגען דיר אויף קלאהר,
אז צום אונגליק צוגעוועהנען
וועסט זיך אין די זיעבען יאהר.

## די קארטענוואַרפערין

נאָך א. פראַנקאָ.

זי האָט אויסגעלייגט די קאָרטען
און א ווײלע זיך פארקלעהרט.
— נו דו אלטע, זאָג שוין דאָרטען,
וועלכער גליק איז מיר בעשערט!

— וואָס די קאָרטען מיינע זאָגען,
קען איך זאָגען דיר אויף קלאָהר:
אז אין שווערען אונגליק פּלאָגען
וועסט זיך גאַנצע זיעבען יאָהר.

— זיעבען יאָהר אין אונגליק שווערען...
נו, איך בויג דעם קאָפּ ניט איין! —
אָבער נאָכדעם וואָס וועט ווערען? —
וועל איך נאָכדעם גליקליך זיין?

דער רייכער שלאָפט ניט אין די נעכט,
דער סוחר וואַנדעלט אויף דער וועלט,
דער פישער טרייבט זיך אום אין ים,
דער פויער בראַנעוועט זיין פעלד,
און ער — צי זאָט — דערפאַר ניט מיד,
ער זינגט זיך אין זיין בויד זיין ליעד.

אין ווינטער ליעגט ער אין זיין בויד,
אין פריהלינג קריכט ער פויל ארויס,
און זומער לאָזט ער זיך אוועק
סטעפּ איין, סטעפּ אויס, סטעפּ איין, סטעפּ אויס,
און עסט זיין ניט געזייטען ברויט,
און גרויער נעבעל איז זיין קלייד.

## דער ציגיינער

א דארער פערדעל שלעפט זיין בויד
סטעפ איין, סטעפ אויס, סטעפ איין, סטעפ אויס,
און ניט דער סערפ, און ניט די נויט,
טרייבט איהם פארטאג אין פעלד ארויס,
דעם קיסר דיענען געהט ער ניט,
ער לעבט זיך ווי דער מזל ניט.

דער סטעפ — דאס איז זיין פאטערלאנד,
זיין דאך — דער הימעל אין דער הויך,
און ווי דער אדלער אויפ'ן סטעפ
געפינט זיין ברויט — געפינט ער אויך.
דערפאר האט דאך דעם שונא'ס הענט
די הייזער זיינע ניט פארברענט.

ווי געוויינט האָט די אוקראַינע,
ביז די אַטאַמאַנען
ווי די אדלערס אויף די סטעפּעס
זיינען אויפגעשטאַנען.

ווי זיי זיינען אויפגעשטאַנען
פון די אדלערס פרייער,
און דעם יאָך פון דער אוקראַינע
אָפּגעווישט מיט פייער.

ווי זיי האָבען נאָכ׳ן פייער
אויף די אַש און פונקען
גאַנצע עמער׳ס, צעבער׳ס גאַנצע
ביער און מעד געטרונקען.

רווישט און יאָגט זיך ווינטען פרייע,
נעהמט די בענקשאַפט מיינע
אין די סטעפּעס אין די ברייטע
ווייט אין מיין אוקראַינע!

## אוקראאינער ליעד.

רוישט און יאָגט זיך ווינטען פרייע!
טראגט די בענקשאפט מיינע
אין די סטעפּעס אין די ברייטע
ווייט אין מיין אוקראינע.

אין די סטעפּעס אין די ברייטע
ביי א דעמב אַן אלטען,
וואו א קינד, האָט מיך דער זיידע
אויף די הענד געהאַלטען.

האָט מיך אויף די הענד געהאַלטען,
און פארבענקט דערצעהלען,
ווי געוויינט האָט די אוקראינע
אין דעם יאָך פון פוילען,

געהט אין פעלד זיין ווייבעל
אויסגעפוצט אין ווייסען,
קומט אין פעלד זיין ווייבעל
רויטע מאהנען רייסען.

דעקט זי אויף דעם מאנטעל
און איז בייז געווארען:
— דו האסט עס גע'פטר'ט
מיינע יונגע יאהרען!

קומט אין פעלד זיין מאמע
קוקען אויף די מאהנען,
אויף איהר זון דעם שלעכטען
דארט זיך צו דערמאנען.

דעקט זי אויף דעם מאנטעל,
און זיך איינגעבויגען,
און געקושט מיט טרעהרען
זיינע טויטע אויגען.

בליהען רויטע מאהנען,
נאר זיין בלוט איז רויטער.
אין די רויטע מאהנען
ליעגט ער איצט א טויטער,

ליעגט ער איצט א טויטער,
פון די בייזע שונאים,
מיט זיין בלויען מאנטעל
צוגעדעקט זיין פנים.

איז זיין אלטער טאטע
אויפ׳ן פעלד געגאנגען,
זעהען צי די מאהנען
זיינען אויפגעגאנגען,

רעקט ער אויף דעם מאנטעל:
— זאלען הינט דיך עסען,
ווי דו האסט דיין טאטען
אין זיין נויט פערגעסען!

דאָס ליעד פונ'ם עלענדרען.

מען וועט אין דער פרעמד מיך געפינען א טוידטען,
מיין טאַטע וועט מיך ניט צו קבורה באַגלייטען.

מיין מאַמע נאָך מיר וועט ניט גיסען קיין טרעהרען
און טרוקען די ערד פון מיין קבר וועט ווערען.

מיין שוועסטערל וועט צו מיין קבר ניט קומען,
ניט וואַקסען וועט אויף מיין קבר קיין בלומען, —

עס וועלען אין פריהלינג נאָר אויפגעהן די גראָזען,
און ווינטען אין הערבסט וועלען וויינענדיג בלאָזען.

פון אוקראאינישען.

איהר האָט זיך געדרעשט דעם קאָרן,
אין דער היים זייט איהר פערבליבען,
און איך האָב מיין היים פערלאָזען,
אויף דער וועלט זיך אומגעטריבען.

זוכען אויף דער וועלט מיין מזל
און אין ערגעץ ניט געטראָפען —
אין דער היים, דערווייל, מיין מזל
אין דעם קאָרן איז געשלאָפען!

העי, העי, דארער אקסעל מיינער,
אונזער פעלד איז ברייט און טויט,
אויפ'ן פייער קאכט מיין טעפעל
און דאס קיהלע ווינטעל וועהט.

העי, ווער פאהרט עס דורך די סטעפעס ?
פינסטער פאלט די נאכט אראפ,
קום אהער, און פון מיין טעפעל
עס מיט מיר צוזאמען אפ.

קיינער קומט ניט... די לבנה
שווימט ארויס פון ווייטען וואלד,
און עס וועהט דאס קיהלע ווינטעל,
און מיין טעפעל ווערט שוין קאלט.

נאָכ'ן אוקראאינישען.

זיי געזונד מיין שעהנע מיידעל,
טראג מיך מיין געטרייער פערד,
אין די הויכע בערג די בלויע
פרואווען אויפ'ן טערק מיין שווערד!

האט דער טערק מיין פערד דערשאָסען
און צובראָכען מיר מיין שווערד,
און די שעהנע מיידעל מיינע
האט פון מיר זיך אפגעקעהרט.

דורך די אויסגעשפרייטע סטעפּעס
פאהרט אהיים דער יונגער העלד,
און איך פיהר דעם שווערען אקער
אין מיין ברייטען טויטען פעלד...

און אהן וועגן, און אהן שטעגן,
לויפט ער מיט'ן ווינד,
גיכער פון דעם ווילדען אדלער
גיכער פון דעם אינד.

הוי, דאס לויפט ער צו דער מאמען
ווייל זי איז שוין אלט,
האלץ דער מאמען אנצוהאקען
ווייל אין שטוב איז קאלט.

פרעסט און גרויסע שנייען וועהען,
און אין שטוב איז קאלט,
און איך קען קיין האלץ ניט האקען
ווייל איך בין שוין אלט.

אז דו וועסט צוריק זיך קעהרען
אין דיין מאמעס שטוב —
וועט א גרעזעל, וועט א גרינער
אויפגעהן אויף מיין גרוב.

הויבט ער אויף פון טיש זיין יונגען
און זיין שעהנעם קאפ,
ווישט די טרער זיך פון די אויגען
מיט דער האנד אראפ.

און דאס הארץ מיט ווייטאג ציטערט
ציטערט אויף מיט שרעק: —
נאר ער שטעלט זיך אויף, און לאזט זיך
אין דער נאכט אוועק.

## דער רעקרוט,

נאָכ'ן אוקראאינישען.

הוי, ביים רויכענדיגען לעמפעל
אויפ'ן טיש אראָפּ,
האַלט ער נידעריג געבויגען
זיין פערזאָרגטען קאָפּ.

און א בריוועל, און א ווייסען
האַלט ער אין די הענט,
און א טרעהר אין זיינע אויגען
ווי א פייער ברענט.

אין דעם בריוועל שרייבט די מאמע:
אוי, ניט שטראָף אונז גאָט —
ביזט אוועק דעם קיסר דיענען
אין דער ווייטער שטאָדט.

אַרמענישער מאָטיוו.

נאָך איידער די הענער פארשלאָפענע קרעהען,
און איידער אין פעלדער די טשערעדעס געהען,
מיך וועקט שוין מיין יונגע פארשלאָפענע ווייב:
— שטעה אויף צו דער פּאשע די בהמות פארטרייב!

די בערג ביז אין הימעל נאָך פינסטערע ליגען,
איך טרייב שוין די בהמות און זינג מיר א ניגון,
און שנייד מיט'ן בייטשעל דאָס גראָז נאָכאנאַנד,
און טאפּ אלע ווייל דעם קינזשאל מיט'ן האנד.

היי בהמות, דער בורא האָט אונז ניט פארלאָזען,
און זאפטען געגאָסען פאר אייך אין די גראָזען,
אַז מילך זאָלט איהר ברייננגען מיין ווייב אויפ'ן הויף,
ווען איבער די בערג די לבנה געהט אויף.

אז איין שומר איז מיין טאטע,
אקערט מיינע ערד,
און דער צווייטער איז מיין מאמע,
פאַיעט מיינע פערד.

און דער דריטער איז מיין ווייבעל,
ביי דעם שפּינראַד שפּינט;
שפּינט, און וויגט דאָס קליינע וויגעל
פון מיין קליינעם קינד.

דריי שומרים.

געהט א מיידעל יאגדעם קלייבען
אין דעם ווילדען וואלד:
— אוי מיין וועג האָב איך פארלוירען,
און דער טהוי איז קאַלט,

— אוי מיין וועג האָב איך פארלוירען
צו מיין מאמעס הויז!
קומט צו מיר אהער, געליבטער,
פיהר פון וואלד ארויס!

— אוי ווי זאָל איך צו דיר קומען
אין דעם ווילדען וואלד, —
אז דריי גוטע שטארקע שומרים
האלטען מיך מיט געוואלד!

וואס איז מיט זיי דערנאך געשעהן? —
דאס ארט דאך קיינעם ניט! —
נאר, צי די מיידלאך זיינען פאלש,
דערצעהלט זיך אין דעם ליעד!

— אין פרעמדען לאנד, א פריינד אין נויט
איז נאר דער קאלטער טויט —
וועל איך מיט דיר, געליעבטער מיין,
צוזאמען זיין אין נויט.

— און ווי וועסטו דיין מאמע דא
פארלאזען גאר אליין ? —
דיין אלטע מאמע וועט נאך דיר
דאך אויסגעהן פון געוויין !

— מיין מאמע וועט בעווײנען מיך
און וועט באקלאגען מיך
און מיט די טרעהרען, אויף איהר קינד
דערנאך פארגעסען זיך.

די נאכט איז פינסטער און געטריי. —
די נאכט האט זיי פערהיט ;
דער ווינט האט ביז'ן ווייטען לאנד
פארמעקט נאך זיי די טריט.

— געליעבטער מיין, געליעבטער מיין,
איך לאז דיך ניט אליין! —
איך וועל מיט דיר אין ווייטען לאנד
מיט דיר צוזאמען געהן...

— געליעבטע מיינע, דו ביזט יונג,
און איידעל איז דיין האנד, —
וויא וועסטו קענען לעבען דארט
אין ווייטען, פרעמדען לאנד?

— איך וועל אין ווייטען פרעמדען לאנד
צוזאמען זיין מיט דיר;
און וואס מיט דיר וועט דארטען זיין
זאל אויך דאס זיין מיט מיר!

— אין פרעמדען לאנד איז זעהר שלעכט,
ניטא קיין פריינד אין נויט;
אין פרעמדען לאנד א פריינד אין נויט
איז נאר דער קאלטער טויט.

— וואס איז מיט דיר, געליעבטער מיין?
וואס איז מיט דיר געשעהן?
ווי בלייך דו ביזט, איך האב אזוי
דיך קיינמאל נים געזעהן!

די אויגען זיינע פלאמען אויף
און ווערען קאלט און מאט,
און שטילערהייט, פערטרויטערהייט
דערצעהלט איהר פון זיין טהאט.

— דער פריץ האט ביי אונז גערויבט
די פרייהייט און דאס ברויט,
האט איהם מיין מעסער היינט ביינאכט
א שכור'ן געטוידט.

— געליעבטער מיין, געליעבטער מיין,
וואס זאל מען איצטער טהאן?
— כ'וועל לויפען אין א ווייטען לאנד
ביז וואן' דער טאג קומט אן.

געטריישאפט.

מען זאגט אז מיידלאך זיינען פאלש,
זיי גלויבען טאר מען ניט,
צי דאס איז אמת וואס מען זאגט —
דערצעהלט פון דעם דאס ליעד.

א מיידעל הערט אין מיטען נאכט
מען קלאפט צו איהר אין טהיר:
— געליעבטע, עפען גיכער אויף,
מען יאגט זיך נאכנאך מיר.

און איהר געליעבטער קומט אריין
און אטעמט טיעף און שווער:
— געליעבטע מיינע, זיי געזונד,
ווערסט מיך ניט זעהן שוין מעהר.

ווייל די אויגען מיינע זיינען
מיאוס'ע געווארען,
און די שעהנקייט פון די ברעמען
האב איך אנגעווארען.

און די ווערבע פאר'ן פענסטער
האט גענומען דארען.
זאל איך וויסען, זאל איך טראכטען
אז דו וועסט מיך נארען!

און מיר וועלען ווי די טויבען
שטענדיג זיין אין איינעם,
זיין א טרייסט פאר טאטע מאמע
און א פרייד פאר שכנים,

ביזטו צו מיר פאלש געווארען, —
זאל דיר גאט ניט שטראפען —
צו א צווייטער, צו א רייכער
ביזטו גאר אנטלאפען.

זארגען איצטער טאטע מאמע
און די שכנים לאכען.
כיי וואלסטו די ווערבע זעגען
און א טרונע מאכען.

און מיך לייגען אין דער טרונע,
און מיין קבר גראבען. —
זאלען וויינען נאך מיין מזל
אין די נעכט די ראבען.

פאר'ן פענסטער רוישט א ווערבע
מיט די גרינע צווייגען.
זאָל איך וויסען, זאָל איך טראכטען
אַז דו וועסט מיר ליגען!

דו האָסט דאך מיר שטארק געשוואָרען,
אַז דו וועסט מיך נעהמען,
פאר די שעהנע אויגען מיינע
און פאר מיינע ברעמען.

דו האָסט צוגעזאָגט: די ווערבע
וועסטו לאָזען זעגען,
און א קליינטשיג שטיבעל בויען,
נאָר פון אונזערט וועגען,

ס'אַרא פינסטערע איז די נאַכט אַרום!
און נאָך פינסטערער אויפ'ן האַרץ איז מיר.
אַז איך זאָרג און וויין הערט מיך קיינער ניט,
ניט קיין מאַמעס האַנט, וואָס זאָל פּעסטשען מיך,
ניט קיין שוועסטער'ס וואָרט וואָס זאָל טרייסטען מיך.
איינעם האָב איך נאָר, איז ער ווייט פון מיר,
ביז ער קומט צו געהן, קומט די האַלבע נאַכט;
ביז ער קומט צו געהן, קרעהט דער דריטער האָהן,
ביז ער גיט אַ קוש, קומט דער טאָג שוין אָן,
קומט דער טאָג שוין אָן, מוז ער געהן אַהיים.

די נאַכט האָט דעם טייך מיט א נעבעל פערצויגען.
ביים טייך איז דאָס מיידעל געשטאַנען געבויגען
און האָט אין די וואסערלאַך לאנג, לאנג געקוקט,
און שווער מיט די אקסלען געצוקט...

די וואסערלאַך זיינען גערונען, גערונען...
די בלימעלאַך האָבען דאָרט גאָרנישט געפונען,
קיין בלימעלע איז ניט געקומען צוריק.
וויין, מיידעל, דו האָסט ניט קיין גליק!

ביים טייך

אויף יענעם זייט טייך איז די זון שוין פארגאנגנען,
אויף יענעם טייך איז א מיידעל געגאנגנען,
מיט בענקשאפט אין הארצען און טרעהרען אין בליק,
צו זוכען איהר מיידעלשען גליק.

און בלימעלאך בלויענקע זיבען מאל זיבען
האט זיי ביי דעם שיין פון לבנה געקליבען,
און האט מיט'ן שטראם זיי געלאזען אין טייך:
— שווימט גלייך, מיינע בלימעלאך, גלייך!

שווימט גלייך, ווייט אהין, וואו די וואסערלאך רינען,
מסתמא מיין גליק וועט איהר דארטען געפינען,
און אז איהר וועט דארטען געפינען מיין גליק —
שווימט, בלימעלאך, גיכער צוריק!

וועסט ניט דרעהען זיך אין אָוועגד
בײ די פרעמדע פּלויטען,
וועסט ניט געהן קײן אנדער מײדעל
צו איהר הויז בעגלײטען.

ניט אומזיסט האָב איך גענומען
אונזער גערטעל פּלאַנצען;
ניט אומזיסט צו דײנע שוועסטער
קום איך זונטאג טאַנצען.

ניט אומזיסט האָב איך געבעטען
דו זאָלסט צו אונז קומען;
ניט אומזיסט האָב איך דיך בחר
אַזוי ליעב באַקומען.

ניט אומזיסט פאַרנאַכט אין הימעל
געהען אויף די שטערען,
אַז זײ זאָלען באַלד בײם אויפגעהן
אויסגעלאָשען ווערען.

נעה איך ניט אויף קארטען ווארפען,
קוק ניט אויף די שטערען:
וועלכען מזל אין מיין ליעבע
וועט מיר גאט באשערען.

אויגען האב איך פלאם און פייער
פון מיין שעהנער מאמען. —
היט זיך בחור! מיינע אויגען
וועלען דיך פארפלאמען.

צעפ אויך האב איך פון מיין מאמען
ווי די שווארצע שלאנגען, —
וועל איך מיט די צעפ דיך בחר
האלטען ווי מיט צוואנגען.

אוי, א פנים מיין געליעבטע
איז שוין אויף דער ווייסער וועלט ניטא!

—קום, געליעבטער, צו דעם בוים, דעם אלטען,
וואו דו האסט מיך אויף די הענט געהאלטען,
דארטען ליג איך יונג בעגראבען, —
אויף מיין גרוב א גרעזעל גרינט,
און פון דיר געליעבטער מיינער,
רייד איך טאג און נאכט צום פרייען ווינט...

— אוי, איך הער, געליעבטע, דיינע טרערן,
אבער ווי זאל איך צוריק זיך קעהרען,
אז די וועלדער זיינען פינסטער,
אז די טייכטען זיינען ברייט,
אז די פעלדער דורך די לענדער
ליגען אזוי וויט און גרוים צושפרייט!

— טראג זיך, ווי דער שפארבער דורך די וועלדער,
ווי דער פוקס א פלינקער דורך די פעלדער,
ווי די מעווע אויף די טייכען,
ווי דער ווינטעל פאר מיין שויב:
פאל ארונטער אויף מיין הארצען
ווי א שעהנע, ווי א ריינע טויב.

— אוי, איך בין שוין זיבען טעג געפלויגען,
אין דיין שטוב בין איך ארייגעפלויגען,
און דו לויפסט מיר נישט אנטקעגען
זעהען ווי איך בין שוין דא. —

נאַכ'ן אוקראַאינישען

גיט דער דאַנוי קרעכצט אין זיינע ברעגען,
גיט די ווינטען וויינען אויף די וועגען,
נאָר א מיידעל שרייבט אין טרערען
מיט א ציטעריגער האנט,
שרייבט א בריוועל צום געליעבטען
אין דעם ווייטען, אין דעם פרעמדען לאַנד.

— אוי, דער מזל האָט דיך ווייט פערטריבען
און פערלאָזען בין איך דאָ פערבליבען,
ווי אין א וואלד א קראנקער פויגעל
רוף איך, וויין איך נאכאנאנד:
קום צוריק, געליעבטער מיינער
פון דעם ווייטען פון דעם פרעמדען לאַנד.

— קריך אראפּ פון אויווען,
מאמע, קום מיט מיר,
זעה, דער אלטער טאפּאל
בליהט פאר אונזער טהיר.

און די פעלדער ברייטע
ליגען אויסגעשפּרייט
פול מיט נייע בלומען
בלוי, און געל און רויט.

— טאכטער מיינע, טאכטער,
פרעה זיך ניט אזוי:
אויף די אלע פעלדער
זעה איך וויסען שניי.

און דער אלטער טאפּאל
דארט פאר אונזער טהיר, —
ביזט פארליעבט — וויל בלומען
חלום'ען זיך דיר...

שוועסטערל מיינע...

— שוועסטערל מיינע, וואו ביזטו געוועז?
— דארט וואו די גרינגלעקלאך בליהעז...
— אויף מיינע פעלדער? — וואס האסטו געזעהז?
— לופטיגע פייגעלאך פליהעז...

— לופטיגע פייגעלאך פליהעז... וואוהין?
— ערגעץ אין ווייטערע ערטער.
ברודערל מיינער, און מיך ציהן אהין,
דארט וואו עס וואוינט מיין באשערטער...

שיינט דאָס וואַסער ווי די זונען,
האַי, האַי,
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערען
אין מיין לעבען אין מיין שווערען
האַי, האַי, האַי, האַי,
זאָל איך פאַר דעם ברונען זינקען,
און דאָס פרישע וואַסער טרינקען,
האַי !

נייט מיין שוועסטערל אַ קישען,
האַי, האַי, האַי, האַי,
פוך פון ווייסע גענז געריסען,
האַי, האַי,
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערען
אין מיין לעבען אין מיין שווערען
האַי, האַי, האַי, האַי,
זאָל איך אויפ'ן קישען ליגען
ביז דער טויט וועט מיך פאַרוויגען,
האַי !

מיין שוועסטערל

פלאנצט מיין שוועסטערל א גארטען,
האי, האי, האי, האי,
בליהען שעהנע בלומען דארטען,
האי, האי,
אז ווען מיר וועט ביטער ווערען
אין מיין לעבען אין מיין שווערען
האי, האי, האי, האי,
זאל איך אין דעם גארטען קומען
רוהען ביי די שעהנע בלומען,
האי!

גראבט מיין שוועסטערל א ברונען,
האי, האי, האי, האי,

דאס איז די אלטע, קאלטע, גרויע ווינטער־נויט,
זי כאפט זיך אויף די ערשטע שעלטענדיגערהייט,
זי קומט אין גאס די ערשטע, שעלט אזוי און שפאנט,
און טראגט אן עמער קויהלען אין איהר דארע האנט.

די ווינטער נויט

נאך שלאפט די גרויע גאס אין קעלט און שניי געשמידט...
דער ווינד — א היימלאזער — איהם איינעם שלאפט זיך ניט,
און ווי די גאנצע נאכט טרייבט ער אין גאס זיך אום
און וועהט מיט שניי און שטויב און וואיעט בייז און שטום...

און אין די מויערען די מענשען ווערען וואך,
און קליינע פייערלעך אין פענסטער פינקלען שוואך,
און אויף די מויערען צוציהט זיך ווי א שטריק
א לאנגער הייזעריגער פייף פון א פאבריק.

ווער איז דאס יענע ערשטע אין דעם נייעם טאג,
וואס איז געבליעבען שטעהן א וויילע אויפ'ן ראג,
און קוקט זיך אום ארום, מיט אויגען — סם און האס,
און לאזט אוועק זיך שפאנען אין דער לענג פון גאס?

די קליידער נאָס, די אויגען אויסגעלאָשען,
און בלוי און נאָס פון רעגען דאָס געזיכט,
האָט ער די טהיר געעפענט און פערשלאָסען,
און אָנגעצונדען שטיקלאך ווייסע ליכט.

און עסען איינגעוויקעלט אין פּאַפּיערען
האָט ער עס אויפ'ן טיש אוועקגעלייגט.
איז צו די קינדער צו. געשראָקען זיך באַריהרען..
און לאנג געשטאנען איבער זיי גענייגט.

דערנאָך, ביים טיש, אַ מידער און געבויגען
האָט ער זיך פאר די ווייסע ליכט געשטעלט,
און האָט בעטראכט מיט קאלטע, מידע אויגען
אַ קליינעם דאמען־פּאָרטמאָנע מיט געלט.

דער גנב

די קינדער האָבן בייז געבעטען עסען.
אין הויז קיין שטיקל ברויט איז ניט געווען.
און ער איז פאַר דעם הוילען טיש געזעסען,
און האָט דאָס אַלץ געהערט און אַלץ געזעהן.

נאָר פּלוצלונג האָט ער עפּעס וואָס פערשטאַנען,
און שאַרף אויף אַלץ אַ קוק געטאָן אין הויז,
און אויפגעשטאַנען, און ביים טהיר געשטאַנען,
געשטאַנען און געטראַכט, און איז אַרויס.

די קינדער זיינען הונגעריג געלעגען,
געשלאָפען, קליינע, האָבען ניט געהערט
דאָס קלאַפּען אין די שויבען פון דעם רעגען,
און ניט ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט.

און אז איך וועל פארנאכט צו אייך א מידער קומען,
און אז אהן האפענונג און קאלט וועט זיין מיין בליק —
פון שרעק פערקראכען אין די ווינקלען וועט איהר שטומען.
און גלעטען וועט מיין האנט אין קעשענע א שטריק —
כא־כא, א שטארקע שטריק!

און אז איך וועל בייננאכט זיך אויפ'ן בוידעם הענגען —
וויינט שטילער, קינדער מיינע, נאך א שטיקעל ברויט!
און אז די נאכט וועט הארטען קראנקען שלאף אייך ברענגען,
וועט וויינען איבער אייך די מאמע — ווי דער טויט —
א בלייכע ווי דער טויט...

דער מאָרגען קומט צו אונז, א כמורנער און א בלינדער,
די מאַמע ליגט אין בעט א בלייכע, ווי דער טויט.
שלאָפט רוהיג, מיינע קליינע הונגעריגע קינדער,
איך וועל אין גאס איצט געהן פאר אייך צו קריגען ברויט—
א שטיקעל טרוקען ברויט...

און אז איך וועל אין גאס דעם גאנצען טאָג זיך זאַמען,
ווי קליינע הינטלעך וועט איהר וואַיען ווילד נאָך מיר,
און שטיקער וועט איהר רייסען פון דער קראנקער מאַמען,
און זשעדנע שמעקען וועט איהר יעדען שאָרךביים טיר,
די טריט מיינע ביים טיר.

דאָס קינד האָט געַגוסס'עט, א ליכט האָט געברענט —
די מאַמע האָט ביטער געבראָכען די הענט.

דער ווינט האָט אין פענסטער אַ קאַלטער געוועהט —
אין פענסטער געוועהט האָט דער אייביגער טויט.

אַ איד איז געקומען פארמאַטערט פון ווינד,
און ערגעץ אוועק אין דער נאכט מיט דעם קינד.

די מאַמע אליין האָט געוויינט אין דער שטיל.
געבוּיגענערהייט זיך געזעצט אויפ'ן דיל.

געזעסען, געוויינט, און געבראָכען די הענט —
דער ווינט האָט געוועהט, און אַ ליכט האָט געברענט.

אין בעטעל איז דאָס קראנקע קינד געלעגען,
דער דאָקטאר אין שפּאקולען, און מיט ווייכע טריט,
האָט אומרוהיגביים בעטעל אימיצען געהיט.
אין פענסטער האָט געוויינט דער רעגען.

דער דאָקטאר האָט באהאלטען די שפּאקולען,
און איז פון הויז ארויס, מיט ווייכע טריט, פארטראכט,
און שטיל, און האָט אונז ניט געזאָגט קיין גוטע נאכט.
ביים פענסטער האָט א הונט געבולען.

אין הויז זיינען אלע פארטרויערט געווען,
אין הויז האבען אלע דער מאמען געהיט —
און שטילער געווען זיינען אלעמענס טריט,
און אלעמענס רייד זיינען שטילער געווען.

דאס בוך פאלט ארויס פון די הענטלאך. זי וויינט.
עס צוקען די קינדערשע ליפלאך פון שרעק.
— איך וועל ווי מיין עלטערע שוועסטער אוועק
ווען איך וועל נאר ווערען א גרויסע... און וויינט.

זי האַלט אין די הענטלאַך אַן אָפענעם בוך,
דאָס קעפעל פאַרטרויערט אויף הינטען גענייגט,
די זון לעשט זיך אויס פאַר'ן פענסטער, און לייגט
אַ רויטליכען שיין אויפ'ן אָפענעם בוך:

— די עלטערע שוועסטער איז ערגעץ אַוועק,
אַוועק, און מען ווייס ניט פאַר וואָס און פאַר ווען,
ווי שטענדיג אין הויז יענעם אָוועגד געווען,
ביי נאַכט אָבער איז זי אויף אייביג אַוועק.

דערנאָך האָט די מאַמע געבראַכען די הענט,
פאַרדעקט מיט אַ טיכעל דעם אַלטען געזיכט,
געקלעפט אין די לייכטער געצונדענע ליכט,
אַהן טרערען געוויינט, און געבראָכען די הענט.

זאָל אייך דער אויבערשטער
תמיד צו געבען
שמחות אין אייערען
גאנצענעם לעבען,

אוי אז דער אויבערשטער
וועט נים פערגעסען,
א אידיש טאכטעריל
ווערט נים פארזעסען.

## א חתונה

קלינגען די פידעלאך,
פארעלאך טאנצען:
אייגעלאך כשר'ה
שיינען און גלאנצען.

קעפעלאך דרעהען זיך,
הערצעלאך זינגען,
גלייך ווי די פידעלאך
זינגען און קלינגען.

פרעהליכער, פרעהליכער,
אידישע קינדער! —
פארעלאך, מיידעלאך,
דרעהט זיך געשווינדער!

דער יונגינקער שניידער׳ל שעהן איז ווי גאָלד,
דעם יונגינקען שניידער׳ל האָב איך גאָר האָלד.

־אָם מיידעלע עסט ניט, און שלאָפט ניט ביי נאַכט,
דער שניידער׳ל בלאָנדזשעט ביים פענסטער פערשמאַכט.

און טאַטעניו־מאַמעניו האָבען בעטראַכט,
און תנאים געשריבען א שבת־צו־נאַכט.

און שבת נחמו איז די חופה געווען,
מען האָט אזא חתונה נאָך ניט געזעהן. —

אזוי ווי די זון האָט דאָס פּאָריל געשיינט,
עס האָבען געטאַנצט מחותנים און פריינד.

געגעסען, געטרונקען פון טייערסטען סאָרט,
זיי האָט אזש גערונען אריבער׳ן באָרד.

און ס׳האָבען ביז איבער דער זיבעטער גאס
די פידלען געוויינט, און געריפּעט דער באַס.

— אוי, מאַמעניו טייערע, מאַמעניו ליוב,
דעם יונגינקען שניידער׳ל טרייב ניט פון שטוב,

דער יונגינקער שניידער׳ל, שעהן איז ווי א גאָלד,
דעם יונגינקען שניידער׳ל האָב איך דאָך האָלד.

— אוי, טאָכטער׳ל, טאָכטער׳ל, וועה מיינע יאָהר!
צי דען מיט׳ן שניידער׳ל ביזטו א פּאָאר? —

דער טאַטע וועט ברענגען פאר דיר פון דער וועלט
א טייערען חתן מיט יחוס און געלט.

— איך דארף ניט זיין יחוס, איך דארף ניט זיין געלט,
איך וויל ניט פערשפּילען מיין יונגינקע וועלט.

— מיידעל, דאָס בין איך פאַרפאַהרען צו אייך
ווייל דיינע עלטערען זיינען דאָך רייך,
מיט אזא פערעל — א טאָכטער.

— סוחר'ל קלוגער, דו קומסט פון דער וועלט,
אבער דו ווערסט מיך ניט קויפען פאר געלט
ביי מיינע טאטען און מאמען.

— מיידעל, געה עפען דעם טויער מיר אויף,
לאָז מיך פערפאַהרען צו אייך אויפ'ן הויף,
מיט דיינע עלטערען ריידען!

— סוחר'ל גוטער, ניט רייד צו מיר מעהר,
טרייב ניט אומזיסט דיינע פערדלאָך אַהער,
איך בין א צוווייטענס א כלה...

שפאַנען די פערדלאָך אין שליטען געשפּאַנט,
היינגט ביי דעם סוחר די בייטש אין דער האַנט,
אומעטיג קלינגען די גלעקלאָך...

## דער סוחר'ן פון פערעל

פליהען די פערדלאך אין שליטען געשפאנט,
קנאקט ביי דעם סוחר די בייטש אין דער האנד,
פרעהליכע קלינגען די גלעקלאך.

— מיידעל, גיעה עפען דעם טויער מיר אויף!
לאז מיך פערפאהרען צו אייך אויפ'ן הויף,
איך בין א סוחר פון פערעל.

— סוחר'ל יונגער, דו קומסט פון דער ווייט,
און ביזט פארפאהרען צו ארימע לייט
מיט דיינע פערעל צו האנדלען.

טריף, טריף, טרעהר מיינע,
טריף, טריף, טריף.
אז געדענקען זאָל מיין פריינד
ווי מיין צער איז טיעף.

אוי, נעהם איך דעם פעדער
א בריוועל צו שרייבען,
מיין פריינד אין דערווייטען
געטריי זאָל מיר בלייבען.

געה, געה, בריוועלע
געה, געה, געה.
זאָל מיין פריינד פארקלערן זיך
אויף מיין ווינד און וועה.

א פויגעל איז געפלויגען,
פארפלויגען געווארען,
און האט פאר מיין פענסטער
א פעדער פארלארען.

פליה, פליה, פויגעל,
פליה, פליה, פליה.
אהן מיין פריינד מיין איינציגען
מוז איך בלייבען היע.

אזוי ווי דער פויגעל
מיין פריינד איז פארפלויגען,
און האט מיר געלאזען
א טרעהר אין די אויגען.

וואַרט איך אויף דיין בריוועלע
איז מיר זעהר שלעכט,
עס איך ניט און טרינק איך ניט,
שלאָף איך ניט קיין נעכט.

נעהמען זיך גאָר ניט די הענט
עפּעס וואָס צו טאָהן,
רק איך וואַרט ביים טויער׳ל
אויפ׳ן פּאָסטאַליאָן.

ברענגט ער מיר א בריוועלע
פון דעם ווייטען לאַנד,
עפען איך דאָס בריוועלע
ציטערט מיר מיין האַנד.

שוואַרצינקע ווערטערלאַך,
ווייסינקער פּאַפּיער,
און די טרערען פינסטערע
גיס איך אָהן א שיער.

שרייב איך דיר א בריוועלע
אין דעם ווייטען לאנד,
שרייב איך דיר א בריוועלע,
ציטערט מיר מיין האנד,

שווארצענקע ווערטערלאך,
ווייסינקער פאפיער,
און די טרעהרען פינסטערע
גיס איך אהן א שיער.

קלעפ איך צו דאס בריוועלע.
שיק איך עס אוועק ;
שווים זיך, שווים זיך, בריוועלע,
אין דעם ווייטען וועג.

גלעקעלאך, פערדעל, וויא, ווילדער און גיכער,
מיר וועלען פליהען ווי שדים אין וויכער;

פונקען און שניי־שטויב אין פנים זאל שלאגען,
וואו בלייבען שטעהן — וועט מיין מיידעלע זאגען.

פונקען און שניי שטויב אין פנים זאל שלאגען,
וואו בלייבען שטעהן, ווען מיין הארץ אונז שוין זאגען.

טפרו־ו! כ'וועל פון שליטען א פרעהליכער שפרינגען,
און אויפ'ן גאניק אין גלעקעלע קלינגען

ווען מיין געטרייע מיר לויפען אנטקעגען
ווען זי מיר גארנישט ניט זאגען און פרעגען,

נאר זי ווען שעפטשען: מיין ליעבער, מיין גוטער!
וועל איך איהר איינקוטען גוט אין מיין פוטער

און אויף די הענט מיינע טראגען אין שליטען.
שנייעלע ווייסער ווען שיטען און שיטען,

וועל איך די רימענע לייצעס א נעם טהון
און מיט'ן שליטען דעם שניי אזא קעם טהון,

אזש ווי א שד ווען דאס פערדעל א ציה טוהן.
גלעקעלאך גלין דין, מיר וועלען א פליה טהון!

שנייעלע ווייסער וועט שיטען און שיטען...
שפּאן בעל־הגלה דיין פערדעל אין שליטען!

איך וועל דיר נעלם און אויף בראנפען נאך געבען,
היינטיגע נאכט וויל איך פרעהליכער לעבען!

איך וועל די רימענע לייצעס א נעם טהון
און מיט׳ן שליטען דעם שניי אזא קעם טהון

אזש ווי א שד זאל דאס פערדעל א ציה טהון,
גלעקעלאך גלין, דין... מיר וועלען א פליה טהון:

גלעקעלאך, פערדעל, וויא... ווילדער און ניכער,
מיר וועלען פליהען ווי שדים אין וויכער;

לינען אויסגעשנייט, —
און מיין עלענד האָט
מיך אריינגענאַרט
אין די ענגע ווענט:
אין די ענגע ווענט
מיך אריינגעשפּאַרט.

כ'זיץ ביים פענסטער זיך
קוק אין גאס ארויס,
ווי דער ווייסער שניי
שפרייט זיך ליכטיג אויס,
ווי עס טראגען זיך
שליטענס. הער און הין:
גלעקלאך, גלעקעלאך
זינגען: דין דין דין.
מענשען קומען אן
געהען דורך פערביי,
געהען דורך פארביי
אזוי פריש און פריי...
און די וועגען ווייט
ליגען אויסגעשפרייט,
ליגען אויסגעשפרייט,

גאנצע טעג ניט שלאפען,
גאנצע טעג ניט עסען,
און איהר גרויסען וועהטאג
מיט די טרערען לעשען.

וועלען טרערען לעשען
נאר איהר ליעבען פנים ;
וועלען פון איהר לאכען
איהרע בייזע שונאים.

טראָג זיך, טראָגט זיך, פּאווע,
איבער ווייטע ים׳ען,
ברייננ פון מיר גערוסען
צו מיין ליעבער מאַמען.

ברייננ ניט צו מיין מאַמען
פון מיר קיין גערוסען,
בעסער פון מיין מזל
זאָל זי גאָר ניט וויסען.

וועט מיין מאמע וויסען,
וואָס מיר האָט געטראָפען, —
וועט זי אין גרויס וועהטאָג
גאַנצע נעכט ניט שלאָפען.

— אוי כלה'ניו לעבען, דו זעהסט ניט אליין,
אז דאָרט אויפ'ן בערגעל דיין חתן טוט געהן...
— דאָס איז ניט מיין חתן, דאָס איז ניט מיין פרייד,
דאָס דאָרט אויפ'ן בערגעל א ביימעלע שטעהט...

— אוי כלה'ניו לעבען, ווי זעהסט דאָס ניט גלייך,
דאָרט קומט דאָך דיין חתן פון יענער זייט טייך
און גאָלד און בריליאנטען פון זיבען קאָליער,
דאָרט טראָגט ער די כלה מתנות פאר דיר...

— ניט גאָלד און בריליאנטען פון זיבען קאָליער,
ניט כלה מתנות דאָס טראָגט צו מיר;
אויף יענער זייט טייך, אין דער ווייט און דער ברייט,
האָט דער רעגענבויגען זיך ליכטיג פארשפרייט...

א זון און דער אָוועגד... א טהויעלע שפריצט,
ביים אָפענעם פענסטער די כלה'ניו זיצט;
געפוצט ניט אין זיידענס, אין גאָלד ניט געקרוינט,
זי וואַרט אויף איהר חתן, זי זיצט און זי וויינט...

אוי, כלה'ניו לעבען
א זון און א רעגען א גאָלדענער שפּריצט,
ביים אָפענעם פענסטער די כלה'ניו זיצט;
געפּוצט ניט אין זיידענס, אין גאָלד ניט געקרוינט,
זי קוקט אויפ'ן רעגען, זי זיצט און זי וויינט.

— אוי כלה'ניו לעבען, וואָס וויינסטו אזוי?
— ווי זאָל איך ניט וויינען, דאָס האַרץ טהוט מיר וועה;
אוועק איז מיין חתן, אוועק איז מיין גליק,
געזאָלט האָט ער קומען און קומט ניט צוריק.

— אוי כלה'ניו לעבען, אומזיסט איז דיין שרעק, —
אָן קומט דאָך דיין חתן, דאָרט שטויבט זיך דער וועג...
— דאָרט איז ניט מיין חתן, דאָס קומט ניט מיין פרייד,
דאָרט שטויבט זיך דער וועג, ווייל די טשערעדע געהט.

אוי, מיידעל, מיידעל,
טרוי ניט דעם אינגעל,
נעהם ניט זיין גאָלדענעם
טהייערען רינגעל.

פאַלש איז דאָס אינגעל,
וועט דיך פארגעסען,
וועט זיך דאָס גאָלדענע
רינגעל פארלעשען.

וועט זיך פארלעשען,
שווארץ וועט עס ווערען,
פון דיינע זודיגע
מיי־עלשע טרעהרען.

שטילע ליכט...

שטילע ליכט און שטילע אויגען,
ליפען פרומע, שטילע.
פאר די שטילע ליכט געבויגען
שעפטשעט זיך א תפלה,
שטילע תפלה'דיגע ווערטער,
קוים די ליכט נאר הערען:
— גאט, איז ער ניט מיין באשערטער —
ועסט מיר איהם באשערען.
איך וועל פאר איהם קינדער האבען
כשר'ע און פיינע,
מיינע קינדער וועלען האבען
אויגען שווארץ, ווי זיינע,
ער וועט זיצען, לערנען תורה
שם'ען וועט זיין נאמען.
ועסט באשערען, גוטער בורא? —
ועסט באשערען — אמן.

מאָני לייב

אידישע און

סלאַווישע

מאָטיווען

אַרויסגעגעבן

פון פערלאַג

אינזעל

ניויאָרק 1918